און קען ניט ארויס געהען... אויף די אלע פראגען קען זי ניט ענטפערן, זי פרעטענדירט שוין איצט ״״, זי זאגט זיך אפ; זי האט אבער געטויט דען גאט ביי דער מענשהייט, זי האט צו הרג׳ט די רעליגיאן. און ווען א מאל, אז די מענשהייט האט געהאט איהר רעליגיעזען גאט, ווען מיט די אלע פראגען פלעגען זיך מארטערן נור איינינע, יעצט אבער אז די מאסע. דער עולם האט פערלוירען דעם גאט... פיהלען אלע די פ־אגען שארפער און שמערצליכער. מ׳קען זיי כמעט ניט אריבער טראגען, אז איהר ווילט הערען, ווי הייגטיגער מענש מאטערט זיך מיט דעם, וואס ער האט פערלוירען זיין גאט, אויב איהר ווילט הערען די ביינגשאפט, דעם פיין, וואס ער האט יעצט, לעזט ביין פהילאזאף ניטשע, אין זיין ווערק „די פריעדליכע וויסענשאפט..״ די קומענדיגע שורות:

א משוגע׳נער לויפט אין אין מיט׳ן העלען טאג מיט א לאטערנע אין די הענד און ביינגט נאך גאט.

„וואו איז גאט? שרייט ער — איך וועל אייך ערצעהלען, וואו״: מיר האבען איהם געטוידט — איהר און איך! מיר אלע האבען איהם געטוידט! ווי אבער האבען מיר דאס געקענט טהון? ווי האבען מיר געקענט אויסטרינקען דעם ים! ווער האט אונז געגעבען אזא שוואם, אז מיר האבען געקענט אראפ רייבען דען גאנצען האריזאנט? וואס האבען מיר געטהון, ווען מיר האבען צו ריסען די קייטען, מיט וועלכע די ערד איז געוועזען צוגעבונדען צו איהר זון? וואהין בעוועגט זי זיך איצט? וואהין בעוועגען מיר זיך זעלבסט? צוריק פון אלע זונען? אפשר פאלען מיר שטענדיג אהן אנאויפהער — צוריק, אויף א זייט, ווייטער, אין אלע זייטען איז נאך פארהאן „אויבען״ און „אונטען״? אפשר בלאנדזשען מיר אין אן אונענדליכען „גארנישט״? אפשר אטהעמט אויף אונז די אונענדליכע וויסטע? איז ניט קעלטער געווארען? נעהערט זיך ניט די נאכט? ווערט ניט פינסטערער? מוז מען דען ניט נאך ביז האלבען טאג אנצינדען ליכט? הערט איהר דען גאר ניט? הערט ער דען ניט, ווי עס לארמען די קברנים, וועלכע זענען גאט מקבר? הערט איהר דען ניט דעם ריח פון גאט וועלכער האט שוין אבגעהויבען צו פוילען? געטער פאלען דאך אויך! גאט איז געשטארבען! ער וועט בלייבען א געשטארבענער, מיר האבען איהם געהרג׳ט! מיר זענען די גרעסטע גזלנים! וואו וועלען מיר געפינען א טרויסט! דאס הייליגסטע און שטארקסטע, וואס איז געווען אויף דער וועלט איז אויסגעגאנגען מיט בלוט אונטער אונזער מעסער.....״ וואס קען זיין שרעקליכער ווי די ביינגשאפט? און די ביינגשאפט פיהלט איצט יעדער, וועלכער דענקט וועגען די אלע פראגען און האט ניט קיין רעליגיעזען גאט, פון וועם ער זאל קענען געפינען אן׳אנטווארט... וואו איז די אמת׳ע אנטווארט — צוליב וואס זענען מיר געבוירען געווארען, וואס פאר א זינן האט דאס לעבען, וואהין קומען מיר אהין נאך דעם טוידט? די שטילהייט פון קבר איז א אנטווארט! — — ....

א—ז.

(ענדע קומט).



# צווישען עמיגראנטען.

(ענדע).

איבער צו געבען אלעס, וואס יוליוס קאלישקי שרייבט, איז אונמעגליך איבער פיעלע אורזאכען. דורך איינציגע ציטאטען ווידער — האבען מיר מורא — וועט דער לעזער ניט בעקימען דעם איינדרוק, וואס מען בעקומט ביים לייענען. אום צו פערשטעהן די טראגישע לאגע פון די וואנדערער איז גענוג, אז מיר וועלען ציטירען וויטערדיגע ווערטער:

„פיעל מאל — איז זיך מודה ה׳ קאלישקי — בין איך געווען אויסער זיך. איך האב קיין געדולד נעהאט צו בלייבען אין דער ראליע פון א צושויער. בא מיר האט שיעור ניט די געדולד נעפלאצט. און האב געוואלט א רונטער רייסען פון זיך די אויסערליכע עמיגראנטען־מאסקע און אנפאנגען מיט די בעאמטע און אגענטען צו רעדען קלאהר, אויפ׳ן ריינעם דייטש — אבער איך האב זיך געסטארעט איינצוהאלטען זיך, איך האב געוואלט בלייבען איין עדות, און דעריבער האב איך געמוזט גרינדליך דעם אמת אויסלערנען״.

אזוי האט געליטען גייסטליך אמענש, וואס האט יעדע מינוט געקענט זיין פריי, לאמיר זיך אליין פארשטעלען די לאגע פון די אמתע עמיגראנטען.

שען איז די סצענע, וואס ס׳איז פארגעקומען אין האמבורג, ווען די אגענטען האבען בעקומען צו וויסען, אז דער איינגעשמוצטער רוסישיודישער עמיגראנט יואל קאלישער פון קיעוו איז ניט קיין אנדערער, ווי יוליוס קאלישקי דער רעדאקטאר פון „פארווערטס״.

אין האמבורג, ווען ה׳ קאלישקי האט שוין זיין אויפגאבע ערפילט, האט אינזער עמיגראנט יואל קאלישער געבעטען מען זאל איהם ווידער קעהרען דאס געלד, וואס דארף קאסטען פון האמבורג ביז לאנדאן (אין טילציט האט מען איהם געגויט ער זאל נעהמען אבילעט ביז לאנדאן, ניט קוקענדיג אייף דעם, וואס ער האט געטענה־ט, אז ער דארף נאר פאהרען ביז האמבורג. מען האט איהם געשטעלט אצוועקפראגע: אדער נעהמען אבילעט בא דער קאמפאניע ביז לאנדאן, הגם ער האט מעהר ניט נייטיג, ווי ביז האמבורג, אדער ווערען אויסגעליפערט אין די הענד פון די זשאנדארמען — ב איין ברירה האט ער געמוזט בעצאהלען פאר אשיפסקארטע ביז לאנדאן.)

דריי מאל — ערצעהלט קאלישקי – האט מען מיך געפיהרט פון קאנטראל־סטאנציע צום עקספעדיציאן און צוריק. אויפן דריטען מאל בין איך שוין זוכה געווען צו טרעפען דעם פארשטעהער פון ביורא, דער בעאמטער, וועלכער האט מיר געפיהרט האט איבער נעגעבען דעם פראטעקאל דעם פארשטעהער פון אבטיילונג, העררן שטעלמאכער, און האט נאך ערקלעהרט דערצו מיט ווערטער, אז איך זאג זיך אב צו פאהרען קיין לאנדאן און אז איך וויל בלייבען אין האמבורג. דער פארשטעהער האט געווארפען אבליק אין פראטאקאל און האט גלייך ערקלעהרט, אז איך וועל בעקומען דעם די פערענץ, וואס דארף קאסטען פון האמבורג ביז לאנדאן, צוריק. דערצו אבער האט דער פארשטעהער געמאכט אפיעל־דייטענדען אויפטראג: מעלדעט דעם פאליציי קאמיסאר, אז יואל קאלישער פון קיעוו וויל בלייבען אין האמבורג״.

„וועה מיר — שרייט קאלישקי אויס — ווען איך וואלט געווען איין רוסישער אונטערטאן, איך וואלט דענסטמאל גיכער נאך רוסלאנד נעקומען איידער איך וואלט זיך אנגעזעהן די שטאדט האמבורג״.

— איך וואלט אבער אויך וועלען בעקומען דאס געלד, וואס ס׳האט געקאסט דאס אויסרייכערן די קליידער. קראנק בין איך ניט געווען און נאך לאנדאן האב איך אויך ניט בעדארפט״ זאג איך ווייטער. דאס האט שוין דעם פארשטעהר ארייין געבראכט אין כעס: „סטייטש, אזא העזה!״ — שרייט דער פארשטעהער — מיר גיבען דעם מענשען דאס געלד ארויס צוריק, וואס דארף קאסטען די נסיעה פון האמבורג ביז לאנדאן און נאך בעט ער די געלד פארן דעזפעקציאן אויך, ווי קומט ער דערצו?!... — „אויס פרינציפ, מיין העררן!״ האב איך געענטפערט, דיזעס מאל אבער ניט אויף יודיש, אויף וועלכער שפראך איך האב זיך ביז איצט געסטארעט צו רעדען מען זאל מיר ניט ערקענען, אבער אויף ריין דייטש.

— „וואס הייסט דאס״? — זאגט דער פארשטעהער, קוקענדיג אויף מיר מיט גרויס ערשטוינונג.

— „דאס וועט איהר גלייך זעהן פון דיזער קארטע״ — ענטפער איך, און האב בשעת מעשה דערלאנגט מיין רעדאקציאן׳ס קארטע.

ווען יעקב האט געזעהן, ווי די מלאכים קלעטערן אוי׳פן לייטער ארויף און אראפ, האט ער ניט אויסגעשטעלט אזא פערוואונדערט געזיכט, ווי דער פארשטעהער האט אויסגעשטעלט אין דיזען אויגענבליק.

— „איהר זענט דער רעדאקטאר פון „פארווערטס״?״

— יא מיין הער, איך ערלויב זיך פערזעהנליך פאר צושטעלען.

ני, דא איז דער שטעלמאכער אין גאנצען איבער געביטען געווארען. ער איז געווארען ווייך ווי אמאלינע, העפליך, ווי אקאמעדיאנט און

שטיל, ווי אקאטינקע. זיין ניטער ביישפיעל האט ארויס גערופען אַנאָפּקלאַנג ביי זיינע אונטערשטע בעאַמטע, וועלכע זענען, ווי איך האב זיך איצט איבערציינט, נור איינגעוויקעלט אין אריהער — גראבער שאַלעכץ. מען האט מיר נעשאטען מיט העפליכקייטען. מען האט מיר פארגעליינט פערשיעדענע בעדינגונגען, פון וועלכע איך האב זיך, מסתמא אבגעזאגט. ה' שטעלמאַכער האט זיך אנגעפאַנגען צו ענטשולדיגען און בעטען מחילה פאַר אַלסדינג. מען האט מיר גלייך אַ־ויס געצאהלט די פאַהר־געלד, די דעזינפעקציאנס־געלד מיט עכטע דייטשע גילטיגע מטבעות. אין טילציט האט מיר איין שזאַנדאַרם אונטער דער שטרענגער פאַרשרייבען פון די אגענטען פון באַהן אין באַלין־שע קאנטראל־סטאַציאָנען געפיהרט. אין האַמבורג האט מיר אונטער געטראגען אדיענער איין קאַסטען מיט גרויס העפליכקייט פון באַלין־שע קאנטראל־סטאַנציע צום גאַסען באַהן!"

„מיין חוב — ענדיגט קאַלישקי — האב איך ערפילט".

„יא, עהרליך האסט דו דיין חוב ערפיהלט!" גיבען מיר מיט גרויס אַכטונג צו!

---

אין וואס אבער בעשטעהט אונזער חוב ?!

אונזער חוב איז צו סטאַרען זיך מיט אַלע כחות. דאס פערשיעדענע יואל קאַלישערס זאלען פאדערן די איינענע רעכטען, מיט וועלכע עס בענוצען זיך יוליוס קאַלישקי'ס!

מיר מוזען געבען צו פערשטעהן, אַז יואל קאַלישער איז אויך אַזאַ מענש, ווי יוליוס קאַלישקי (צו וואס קאלישקי איז געוויס און געווים מודה) און אַלס אַמענש מוז יואל קאלישער האבען מענשליכע, ניט חזיר־שע בעהאַנדלונגען. און מיר זענען איבערציינט, אַז ווען אַלע יואל קאלישער'ס וועלען אַליין קומען צום בעוואוסט־זיין — דענסטמאל וועט איבערהויפט ניט זיין קיין אונטערשיעד צווישען יואל קאלישער אין קיעוו און יוליוס קאלישקי אויס בערלין!

א. ש. זאַקס.



# ליטעראַטור און לעבען.

---

דער אוננאַטירליכער צושטאַנד פון יודישען פאָלק פיהרט אָפט צו אַזעלכע אַבסורדען, אַז דער פרישער מענש בלייבט שטעהן פאַר זיי מיט אַנ'אָפּען מויל. עס איז גענוג צו דערמאָנען די קוריאָזע דיספוטען וועגען דעם, אויב יודען זענען ווירקליך אַ פאָלק ?... די טענות זענען אזוי ווייט פערגאַנגען, אַז פיעלע יודען צווייפלען דערין, און פיעלע צווייפלען נישט — אַז נישט. מיר האָבען אַזוי לאַנג זיך דערווייטערט פון לעבען, אזוי לאנג אָפּערירט מיט הוילע, אַבסטראַקטע בעגריפען, ביז מיר האָבען פערלוירען דאָס אונמיטעלבאַרע נאַציאָנאלע געפיהל און זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז א־פאָלק" בעשטעהט נישט פון לעבעדיגע מענשען, נאָר עס איז עפּיס אַזוינס, וואָס מוז אויסהאַלטען געוויסע רעגעלן, געוויסע פאָדערונגען, וועלכע אונז וועט זיך פערגלוסטען איהם שטעלען. און מערקווירדיג אין פלוג, אָבער אין גרונד גאַניץ נאַטירליך איז דאָס, וואָס די אַלע ספקות און ספק־ספקות בליהען בעזונדערס צווישען יענע גרופען, וואָס זאָרגען אזוי פיעל פאַר אונזער נאַציאָנאלע עקזיסטענץ. אַ העברעאישער שרייבער איז זאָגאר נישט זעהר לאַנג ארויס מיט דער פראגע : ווער ווייסט ? אפשר מאַטערן מיר זיך אומזיסט ? אפשר זענען מיר גאָר נישט קיין פאָלק און פערליערען די עולם־הזה — אָהן האָפנונג אויף עולם־הבא... — דער זעלבער שרייבער האָט פאָרגעלעגט אַ פרעמיע יענעם, וואס וועט אָנשרייבען אַ בוך און בעווייזען אין איהם מיט אותות ומופתים, אַז מיר זענען אַ פאָלק ! איך בין נייגיעריג צו וויסען אויב די פרעמיע וואָלט בעקומען אויך דער, וואס וואָלט אין א בוך בעוויזען, אז יודען זענען נישט קיין פאָלק ?... אַלענפאלס קומט־אויס, אַז ביז מיר האָבען נישט בעקומען א סאַנקציע פון אַ בוך, האָבען נישט אונזערע אידעאַלען, שטרעבונגען און אַ־בייט קיין „רעזאָן דעט־ר".

זעלבסטפערשטענדליך, אז ווען מען צווייפעלט דערין, אויב דאָס פאָלק איז אַ פאָלק, איז מען אויך נישט זיכער, אַז אלעס, וואָס געהערט צו איהם און וואָס איז אונאבטיילבאַר פערבונדען מיט זיין לעבען, האָט עפּיס אַ ווערטה. מען צווייפעלט דעריבער, אויב די יודישע שפראַך איז אַ שפראַך. די „פראגע" ווערט ערנסט בעהאַנדעלט, מען רעדט און מען שרייבט פאַר און געגען און מען קאָן באין אופן נישט קומען צו קיין בעשטימטען בעשלוס. די פאָראויס בעשאַפענע און קינסטליך גענומענע פאָרשטעלונג וועגען א „פאָלק" פערפאָלגט, ווי אַ קאָשמאַר, און דערוועקט נישט בלויז פערפרעמדקייט, — זאָגאר האַס און פעראכטונג צום רעאַלען, לעבעדיגען פאָלק און צו זיינע גייסטיגע ערוווערבונגען. אָט הערט עטליכע בעהאַרצטע ווערטער פון אונזער „פאָלקסדיכטער", פרוג'ן איבער דער יודישער שפראַך :

איך האָב מיט דעם לעטצטען צאָהן
געביסען און געריסען דעם זשאַרגאָן,
געקייט די ליעבע שפראַך פון אונזער מאַמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאַלצט מיט גראַמען,
צו מאַכען זיי אביסעלע האָטש ווייך
און צו פערדושען יענעם ליעבען ריח
פון ווילנאָ'ר מארק און דינאַבורגער יאַטקעס
מיט אלערליי פערוואַלגערטע אָסטאַטקעס,
וואָס שמעקט אויף דרייצעהן מאַל אַרום דעם אָרט,
וואו נאָר עס בליהט חאָטש איין זשאַרגאָניש וואָ־ט...

(ליעדער און געדנאַקען).

איז אייך בעקאַנט דער טאָן ?... יעדערער פון אייך האָט געוויס געהערט אין עפּיס אַ גויאישער גאַס דאָס ליעבע אויסגעשריי : „זשיד האַלאמיי!..." און דאָס פערעכטליכע איבערקרומען, ווי אַ יוד רעדט... אַ פרעמדער קוקט אויף דאָס אונבעקאַנטע, און דעריבער אין זיינע אויגען אונבעגייסטערטע, יודישע פנים, הערט, ווי דער יוד „בעלעכעטשעט" — און אין איהם ערוואַכט אַ געפיהל פון פערפרעמדקייט און אנטיפאַטיע. דאָס איז דער „נאַטירליכער" אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז פערשפרייט צווישען די אונוויסענדע און נישט זעלטען אויך צווישען די געבילדעטע שיכטען פון פרעמדע פעלקער. דאס זעלבע קומט־פאָר אויך מיט אונזער אייגענעם „בעל־בכי", וואָס וויינט, דוכט זיך, ווי טאָג אזוי נאכט אויף די יודישע צרות. ווען ער וואָלט ווירקליך געליעבט דאָס רעאַלע פאָלק, נישט די פרוכט פון זיין פאַנטאַזיע, נישט דאָס אַבסטראַקטע בילד, וואָס באָמבעלט זיך דאָרט ביי איהם אין קאָפּ, — וואָלט ער נישט געשליידערט אויפ'ן הויפען מיסט, צוזאַמען מיט די ווירקליך „פערוואַלגערטע אָסטאַטקעס" פון אונזער לעבען, אויך די יודישע שפראַך, די שפראַך, וואָס ווייסט פון פאָלקס וואַהרע ליידען און פריידען, וואָס איז געוואַקסען און האָט זיך ענטוויקעלט צוזאַמען מיט'ן פאָלק די לעצטע עטליכע הונדערט יאָהר. אַ יוד — א „נאַטירליכער? יודאָ־פאָב ! אזא אויבס האָט געקאָנט אויסוואַקסען טאַקי נאָר אין אונזער פערוואָהרלאָזטען, פערווילדעטען גאָרטען !... זיינע נאַציאָנאַליסטישע חלומות האט פ־וג געזינגען — און, מען קאָן נישט לייגנען, שעהן געזינגען — אין א פרעמדער שפראַך ; צו דער אייגענער איז ער געקומען — אום זי צו זידלען און צו מאַכען זי מיט דער בלאָטע גלייך... ווייסט דען פרוג נישט, אז אין זידלע־ייאיז די שפראַך, אין וועלכער ער האט געשריעבען, פיעל רייכער, אלס די יודישע ?... האט ער פערגעסען, אז אויך יענע שפראַך, צוגלייך מיט יענעם לעבען, טראַגט אויף זיך די שפירען פון שווערע געזעלשאַפטליכע וואונדען, ווי „טאַטארשטשינא" און די איבריגע אַנטיקען ?... דאס אלעס האט איהם נישט געשטערט אָבצושאצען יענע שפראַך, ווי זי האָט פערדיענט, ווייל דאָרט איז ער געקומען צום גרייטען : פאַר איהר האָבען אנדערע, אייגענע געאַרבייט פריהער פון איהם, געאַרבייט מיט ליעבע און טרייהייט, האנד ביי האנד, זי צוגעפוצט און אנשטענדיג בע־

קליידעט און דערמיט האָבען זיי אונטערגעשטרויכען איהר איינענע, נאטירליכע רייכקייט: זיי האָבען די שפּראַך, ווי זייער פֿאלק, ליעב געהאט! צום אייגענעס פֿעלד אָבער איז פֿרוג געקומען אלס פֿרעמדער — און האט דעריבער נישט בעמערקט, אז דער גרונד איז נישט ווענינער פֿרוכטבאר, חאָטש פֿערלאָזט און פֿערוויסטעט. און ווען ביי איהם זעלבסט און אין דער זעלבער שפּראַך „פֿון ווילנער מאַרק" רייסען זיך זעלטען־ווען ארויס הארמאָנישע קלאַנגען, פֿיל מיט לייד און צער, איז דערין אסור נישט שולדיג זיין „הויכעס אידעאל", נאָר זיין אונמיטעלבארער פּאָעטישער טאלענט...

איבריגענס, פֿאר די שפּראַך זעלבסט האָט פֿרוג גאָר נישט געטהון: זיין יודיש איז ווירקליך די שפּראַך „פֿון ווילנער מארק און דינאבורגער יאטקעס", און אויב די שפּראַך ווערט וואָס א טאָג פֿיינער און רייכער, איז עס נישט איהם צו דאנקען.

אין אַנ'אַנדערן אָרט, רעדענדיג וועגען יודיש און העברעאיש, האָבען מיר בעמערקט, אַז „פֿאַקטיש ציהט די „דיענסט" מיט איהר יונגער, לעבעדיגער שעהנהייט אַלץ מעהר צו זיך, און די אַלטע, טויטליכע „הערין" קומט מען אָב אַלץ עפֿטער מיט אַ נייג פֿון וויטען, מיט אַ העפֿליכען רעווערענס; דעם לשון־קודש הערט מען נישט אויף צו פֿערזיכערן אין ליעבע און טרייהייט, — און מיט'ן זשאַרגאָן הויבט מען אָן אַלץ מעהר זיך צו בענוצען. נאָר טעאָרעטיש דערמאָנט מען אַלע מאָל דעם זשאַרגאָן, ווער ער איז, און מען מוסר'ט איהם, ער זאָל זיך נישט איבערנעהמען". דיעזע ערשיינונג פֿערברייטערט זיך פֿון טאָג צו טאָג. אַלץ מעהר און מעהר העברעאישע שרייבער נעהמען אַנטהייל אין די יודישע אָרגאַנען — און מיט דער לינקער האַנד בעמיהען זיי זיך צו צעשטערען דאָס, וואָס די רעכטע האָט בעשאַפֿען. עס נעהמט זיך, וואַהרשיינליך, דערפֿון, וואָס די העברעאיסטען קוקען אויף די יודישע ליטעראַטור, ווי אויף אַ צדקה־זאַך, און אין אַזעלכע זאַכען, ווי עס איז בעוואוסט, טאָר איין האַנד נישט וויסען, וואָס די צווייטע טהוט... יעצט אָבער זענען די דיספּוטען אין גאַנצען איבערגעגאַנגען אויף אַנ'אַנדער באָדען: מען זאָגט שוין נישט, אַז די יודישע שפּראַך איז קיין שפּראַך נישט, — מען פֿאָדערט נאָר, מען זאָל זי נישט „מאַכען" פֿאַר אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך.

די יודישע שפּראַך לאָזט נישט רוהען אונזערע העברעאישע צייטונגען. טהוענדיג זייער, נאָך אונזער מיינונג, אוננוטציגע, זאָגאַר שעדליכע אַרבייט, פֿיהלען זיי דאָך אויף זיך אַ איראָנישען בליק פֿון דער זייט און קוקען זיך אונרוהיג אום פֿון צייט צו צייט. נאָר אין דער לעצטער צייט האָט זיך זייער אונרוהיגקייט פֿערגרעסערט. מעגליך, אַז די אורזאַכען דערפֿון זענען די לעצטע וועהלונגען אין רוסלאַנד. אונזערע העברעאיסטען קאָנען ניט נישט וויסען, אַז ווען די אויסערליכע בעשווערונגען וועלען פֿאַלען, וועלען די יודישע שפּראַך און איהר ליטעראַטור זיך ענטוויקלען גאָר גיך, און די העברעאישע — ווער ווייסט, וואָס מיט דער העברעאישער וועט זיין...

דער „הזמן" לאַכט פֿון דער יודישער שפּראַך און איהרע שרייבער. מילא, זאָל ער לאַכען; לאַכען, זאָגט מען, איז אַ געזונדע זאַך, עס ענטוויקעלט די לונגען, און דערין וועט דער „הזמן" זיך נויטיגען, ווען עס וועט קומען זיין צייט צו שרייען. איבריגענס, האָט איהם שוין „דער פֿריינד" געזאָגט וועגען דעם אַ פּאָר „פֿריינדליכע" ווערטער. דער „הצפה" וויעדער איז מעלאַנכאָליש געשטימט און „וואָהרענט" פֿון געפֿאַהר... בכלל, וואָס אַנבעלאַנגט צו דער פֿראַגע וועגען דער יודישער נאַצי.־שפּראַך, שטעהט נישט דער „הצפה" אויף אַ פֿעסטען שטאַנדפּונקט. עפּיס וואַקעלט ער זיך, און חאָטש ער מאַכט אַ מינע, ווי איינער רעדט: „יאָ, אודאי... העברעאיש... ווי דען?"... — נאָר קיין בעזונדערע ענטשלאָסענהייט איז אין איהם נישט צו בעמערקען. דאָך, צייטענווייז רעדט ער העכער, אום צו צערשלאָגען די אונמוטיגע געדאַנקען.

אין פֿעליעטאָן פֿון N 600 האָט ה. ליודוויפּאָל געמאַכט אַן ענטדעקונג: דער זשאַרגאָן האָט ערקלערט קריעג דעם לשון־קודש, „ווי אוגאַנדאַ האַלט מלחמה מיט פּאַלעסטינאַ"...

„איך קלער חלילה נישט אויס קיין בלבולים, — שלאָגט זיך ה. ליודוויפּאָל אין האַרץ, — די ווערטער זענען געשריעבען שוואַרץ אויף ווייס, געשריעבען און געדרוקט"... אין פּראָספּעקט פֿון „יודישען וואָרט"...

קאָמיקער!

פֿערשטעהט איהר מיך, פֿאַר דעם טעריטאָריאַליזם האָבען די זשאַרגאָניסטען נישט געוואַגט אויפֿצוהייבען אַ האַנד אויף די העברעאישע שפּראַך. יעצט, צוזאַמען מיט איין נאַציאָנאַלער ערוועקונג, וויל מען איבערטווישען אויך די צווייטע.

דער ערשטער, זאָגט ה. ל., איז אַרויסגעטרעטען געגען העברעאיש ה. אלדד אין „פֿריינד", נישט לאַנג, הייסט עס; דער צווייטער — אברהם רייזען, יעצט, אין זיין פּראָספּעקט. פֿון דאַנען איז געדרונגען: טעריטאָריאַליזם — זשאַרגאָניזם.

דאָס איז נישט ריכטיג, ערשטענס, פֿאַקטיש. דאָס זאַמעלבוך: „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט", אונטער ה. רייזענס רעדאַקציע, האָט ערשיינט אין 1900טען יאָהר. דאָרט קאָן ה. ל. איבערלעזען אַ בעמערקונג: „זשאַרגאָן אַלס נאַציאָנאַל־שפּראַך", אין וועלכער דער אויטאָר זאָגט־אַרויס גענוג אָפֿען און נישט צווייזיניג זיין מיינונג איבער דיעזער פֿראַגע. אין „יאהרבוך־פּראָגרעס", אויך אונטער ה. רייזענס רעד., איז געדרוקט אַנ'אַרטיקעל אין דעם זעלבען זינען: „צו דער פֿראַגע וועגען העברעאיש און יודיש", וועלכער איז געשריעבען געוואָרען אַ צייט פֿאַר דעם 6טען ציוניסטישען קאָנגרעס. צווייטענס — און דאָס איז פֿיעל וויכטיגער — דער „אָנפֿאַל" אויף די העברעאישע שפּראַך קומט פֿון אַזאַ לאַגער, פֿאַר וועלכען אוגאַנדאַ און פּאַלעסטינאַ זענען גלייכע מיוחסים, בעסער געזאָגט, ביידע זענען נישט קיין מיוחסים. ה. ליודוויפּאָל ווייסט דער פֿון זעהר גוט. איהם איז אָבער געקומען צו דער האַנד אַ גלענצענדע סאָציאַל־פֿילאָזאָפֿישע „קאָנצעפּציע", האָט ער קיין האַרץ נישט געהאַט נישט אויפֿצוכאַפּען אַזאַ כשר'ע מציאה. מיר פֿיהלען איהם מיט פֿון גאַנצען האַרצען...

„און נאָך אלדד'ן, וועלכער איז סוף כל סוף נישט מעהר, אַלס אַ פֿעליעטאָניסט, איז געקומען רייזען מיט דער פֿאָדערונג — צו מאַכען דעם זשאַרגאָן פֿאַר אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך. איך האָב זיך נישט ריכטיג אויסגעדריקט. אברהם רייזען פֿאָדערט נישט. ער מעלדעט, ווי אַ גזרה פֿון אויבען, זיין בעשלוס, אַז דער זשאַרגאָן איז די יודישע נאַציאָנאַלע שפּראַך, און דעריבער איז זיין ליטעראַטור אַ ציעל אַן און פֿיר זיך".

באין אופֿן קאָנען אונזערע העברעאיסטען נישט פֿערשטעהען, אַז אַ פֿאָלקסשפּראַך קאָן מען נישט „מאַכען". רייזען פֿאָדערט טאַקי נישט, — ער זאָגט נאָר אַרויס זיין איבערצייגונג, אַז די יודישע שפּראַך איז שוין אונזער נאַציאָנאַל־שפּראַך. פֿערשיעדענע, אָפֿט־מאָל געגענגעזעצטע שטרעמונגען קאָכען אין יודישען לעבען און ציהען עס אין פֿערשיעדענע ריכטונגען. מיר צווייפֿלען נישט, אַז דאָס לעבען וועט אויסקלייבען דעם מיטעלוועג און וועט זיך אויסגיעסען אין אַזעלכע פֿאָרמען, וואָס ענטהאַלטען אין זיך פֿון איין זייט עלעמענטען פֿון דער אייראָפּעאישער קולטור, און פֿון דער צווייטער — נאַציאָנאַלע אייגענשאַפֿטען און ערוואָרבונגען. וואָס אַנבעלאַנגט צו דער שפּראַך, איז דער זשאַרגאָן די סינטעזע פֿון די אַלע שטרעמונגען.

ה. ליודוויפּאָל וויל אסור נישט דיספּוטירען מיט „יענע זשאַרגאָניסטען, וואָס זוכען צו „פֿערטיליגען" די העברעאישע שפּראַך צוליעב דער יודישער. איז דען מעגליך צו דיספּוטירען מיט מענשען, וואָס ווילען נישט הערען און פֿערשטעהן?... דאָך, מיט דער עניוות פֿון אַ געניע שטעלט ער אַרויס די האַרבסטע קשיא, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אויסגעפֿינען און וועלכע איז גענוג, נאָך זיין מיינונג, „צו פֿערשטאָפּען די מיילער פֿונ'ם זשאַרגאָנס פֿערטיידיגער", — און שטעלט זי אַרויס אַזוי זיך, כלאחר יד, נישט מעהר אַלס „למשל". ער דערמאָנט, אַז אַ געוויסער טייל יודען ערגיץ העט־העט, האָט זיינעם אַנ'אייגענעם, שפּאַנישען זשאַרגאָן, וואָס האָט קיין שום עהנליכקייט צו אונזערן דייטשען; דער דייטשער זשאַרגאָן איז אַלזאָ נישט די שפּראַך פֿון גאַנצען פֿאָלק, נאָר פֿון אַ „געוויסען טייל" פֿון פֿאָלק.

דערויף ענטפֿערן מיר פֿאָלגענדעס: דער „געוויסער טייל", וואָס רעדט אויף דייטשען זשאַרגאָן, בעשטעהט פֿון די יודען פֿון אייראָפּאַ,

אַמעריקא, אויסטראַליע, דרום־אפריקא, ד. ה. אַלענפֿאַלס איז עס דער גרעסטער טייל פֿון פֿאלק. מיר מיינען, אויסערדעם, אַז אויך ה. ל. וועט מיט אונז איינשטימען, אַז דיעזער טייל, אויסער וואָס ער איז דער גרעסטער, שטעלט איבערהויפּט אַ טאָן פֿאַר'ן לעבען פֿון גאַנצען יודישען פֿאָלק, דען די אַלע שטרעבונגען און בעוועגונגען, וואָס שטירמען שוין אַ צייט אין יודישען לעבען, שפּיעלען זיך אָב אויף ז י י ן ערענע. דאָס לעבען פֿון דיעזען טייל ענטוויקעלט זיך נאָך ז י י נ ע געזעצען; ער רעדט אויפֿ'ן דייטשען זשאַרגאָן שוין אַנ'ערך פֿון 7 ביז 8 הונדערט יאָהר, און נישט מיר און אפילו נישט ה. ליודוויפּאָל זענען אימשטאַנד איהם אָנצובינדען אַ שפּראַך, אויף וועלכער ער רעדט נישט, אום צו פֿערבינדען איהם דאַדורך מיט אַ צווייטען טייל יודען, וועלכער רעדט אויך נישט אויף דער שפּראַך. אויב ה. ל. פֿיהלט זיך בכח אויפֿצוטהון אזוי פֿיעל, לעגען מיר איהם פֿאָר, ער זאָל פֿערשפּרייטען די י ו ד י ש ע שפּראַך צווישען יענעם טייל יודען, וואָס רעדט אויף שפּאַנישען זשאַרגאָן. דוכט זיך, דאָס וועט זיין פֿיעל לייכטער, אַלס צו פֿערשפּרייטען די העברעאישע צווישען אַ ל ע טיילען פֿון פֿאָלק, האָטש זייערע תפלות זענען אין איהר געשריעבען.

אַלענפֿאַלס, רעכנען מיר פֿאַר פֿיעל געפֿעהרליכער, אפילו אין נאַציאָנאַלען זינען, דאָס, וואָס דורך די העברעאישע שפּראַך איז דער גרעסטער טייל פֿון דער יודישער אינטעליגענץ אָבגעריסען פֿון פֿאָלק און דאָס פֿאָלק — פֿון זיין אינטעליגענץ. ביי אַלע פֿעלקער ליעגט אַ טיעפֿע אָבגרונד צווישען דער אינטעליגענץ און צווישען די ניעדריגערע שיכטען פֿון פֿאָלק; אָבער ביי זיי שטרעבט די אינטעליגענץ שטענדיג דעם אָבגרונד־צו פֿערשיטען. ביי אונז וואָלט פֿיעל לייכטער געווען אויב נישט פֿאָלשטענדיג דיעזען אָבגרונד צו פֿערניכטען, איז אַם וועניגסטען איהם שטאַרק צו פֿערמינדערן, — צו דאַנקען דעם הויכען פּראָצענט ביי יודען פֿון די, וואָס קענען לעזען און זאָגאַר שרייבען, צו דאַנקען דער פֿעהיגקייט אפילו פֿון דעם מאַסעניודען צו דענקען אַבסטראַקט. איז אָבער „מעשה שטן", וואָלט אונזער ר' מענדעלע געזאָגט, דאַרף זיך אַריינמישען די העברעאישע שפּראַך און אויפֿשטעלען צווישען דער אינטעליגענץ און צווישען פֿאָלק אַזא וואַנד, וועגען וועלכער עס האָט זיך קיין אומה ולשון אפילו נישט גע'חלומ'ט! און אַלעס צוליעב וואָס? צו דאנקען דעם, וואָס יעדער ערשיינונג אין יודישען לעבען ווערט בעטראַכט פֿון איין געוויסען שטאַנדפּונקט: אויף וויפֿיעל די ערשיינונג איז נוצליך אָדער שעדליך פֿאַר דעם אבסטראַקטען „פֿאָלק", וואָס דאַרף ערשט בעשאַפֿען ווערען לויט דעם ציוניסטישען רעצעפּט, — אין דער צייט, ווען דאָס לעבעדיגע, ווירקליך עקזיסטירענדע פֿאָלק בעמיהעט זיך מיט אייגענע קרעפֿטען צו בענייען און פֿערברייטערן זיינע לעבענס־פֿאָרמען, אָבהיטענדיג צוגלייך זיין פּערזענליכקייט. פֿרוג און זיין גלייכען זאָרגען פֿאַר די נאַציע — און רעדען צום יודען אויף אַלע שבעים לשונות, אויסער'ן יודישען; די העברעאיסטען זאָרגען אויך פֿאַר די נאַציע — און ווענדען זיך צום יודען אויף העברעאיש; דער יוד זעלבסט פֿינטעלט מיט די אויגען אַמאָל אויף דעם, אַמאָל אויף יענעם, און שוויצט, נישט וויסענדיג, וואָס מען וויל פֿון איהם האָבען... דאָס אַלעס טהוט זיך, אום נצול צו ווערען פֿון „כליון לאומי"!

---

די איבריגע טענות פֿון ה. ליודוויפּאָל וועלען מיר נישט בעריהרען, וייל ער אליין טאקי האָט זיי אָבגעווענדט און האָט דערביי אויסגעמישט, וואולגאַריש גערעדט, „קאַשע מיט באָטווינע". אין איין זאַך האָט זיך ה. ל. ווירקליך נישט טועה געווען: „יודיש־נאַציאָנאַל־שפּראַך" איז נישט צופֿעליג אריין אין פּראָספּעקט פֿון „יודישען וואָרט", נאָר אַלס „Credo", אַלס איינס פֿון די גרונדפּרינציפּען. די שפּראַכפֿראַגע איז און וועט בלייבען איינע פֿון די וויכטיגסטע פֿראַגען פֿון יודישען לעבען, ביז דאָס גאַנצע פֿאָלק, וועניגסטענס דער „געוויסער טייל" וועט נישט פֿיהרען, צוגלייך מיט'ן טאָג־טעגליכען, אויך זיין גייסטיגעס לעבען אויף א י י ן שפּראַך, אויף דער י ו ד י ש ע ר שפּראַך, ביז מיר וועלען נישט האָבען, אָנשטאָט א מ א ס ע נ ל י ט ע ר א ט ו ר, אַנ'עכטע פֿ אָ ל ק ס ל י ט ע ר א ט ו ר, אום דער יודישער אינטעליגענט זאָל נישט זיין געצוואונגען צו „זוכען אנטוואָרט אויף פֿערשיעדענע פּראָבלעמען און פֿראַגען אין פֿרעמדע ליטעראַטורען און זיך ערוויטערן אויף אַזא אופֿן פֿון זיין אייגענער ליטעראַטור און פֿאָלק". מיר צווייפֿלען נישט, אַז מיר זענען אַ פֿאָלק, אַז אונזער שפּראַך איז אַ שפּראַך און אַז איהר ליטעראַטור איז אַ ציעל אַן און פֿיר זיך, ד. ה. נישט בלויז אַ מיטעל צו פּראָפּאַגאַנדירען ציוניזם אָדער אַנדערע איזמען, נאָר אַ גרויסע, בעשטענדיגע געזעלשאַפֿטליכע קראַפֿט, וועלכע, אָבשפּיעגלענדיג אין זיך אַ ל ע זייטען פֿון יודישען לעבען, ווירקט פֿון איהר זייט אויף דאָס זעלבע לעבען, ערציהענדיג גאַנצע דורות און היטענדיג דעם גייסטיגען בונד צווישען זיי אין צייט און אָרט.

ל. שאפּיראָ.



# א בריוועל צום ארויסגעבער.

---

איהר מעגט דאָס איבערלייענען און איך גיעב אייך רשות אַנדערע אין אייער בלאַט אויך צו ווייזען, פֿאַרקערט, — איך בעט אייך, טוט ז'אָס. —

איך בין נאָר אַ לעזער און נימ קיין שרייבער, אָבער איך זאָג מיר, משפּט מיך, וויל מען איבער עמיצען משפּט'ען, אַז ער טוט נים רעכט און האָט נים רעכט, מוז מען דאָס טוהן שטיל און אָהן ז'דלעריי. איהר פֿערשטעהט, זיך אַליין קען מען טוהן אַמאָל אַ שעלט, ס'שאַט נימ, אָבער פֿאַר יענעם, כל זמן יענער איז נימ קיין הולטאַי און נימ גלאַט קיין פּאָדלעץ, וואָס פֿערדיענט אויסגעשייגעצט צו ווערען, מוז מען האָבען אבשיי, חאָטש זיין דעה איז נימ אָקוראַט אַזוי ווי מיינע. ווי זאָגט מען — איטליכער מיינט ביי זיך, אַז ער האָט געטראָפֿען; און אפילו אַז איינער איז זיך טועה און געהט גאָר אַראָב פֿון דרך, טראַכט ער ביי זיך אין האַרצן: איך האָב דעם אמת און האָב ליעב דעם אמת, און דערפֿאַר אַליין מוז מען איהם מוחל זיין. —

איך זאָג דאָס אַקעגען דעם, וייל אייער שופֿט בן־קלמן וויזט מיר אוים אַהייסבלוטיגער צו זיין און, ער זאָל מיר מוחל זיין, האָט גאָר קיין מאָס נימ. איך פֿרעג אייך, וואָס האָט ער אויסגעלאָזען דעם צאַר'ן צו דער „יודישער צוקונפֿט"? און חאָטש איך האָב זי עד היום נים געזעהען, האָב איך דאָך געליינט אין די בלעטער, אַז אַפֿילו אייער בעל־מחשבות און אחר שרייבען דאָרטען ווי ביי אייך, און שטיינבערגען אַליין האָט דער אַרויסגעבער פֿון יענעם בלאַט דאַכט זיך אויך נימ אויסגעטראַכט, וואָרים וואו מ'טוט אַקיק אין אַלע לשון־קד'שע בלעטער און אין אַלע יודישע בלעטער, זאָגען זיי מים איהם יוצרות... אַז בן־קלמן האָט נימ אַזוי שטאַרק ליעב ציונים און וויל פֿאַר יודען עפּים אַנדערש און מיינט דאָס מיט'ן יצר־טוב, קען ער דאָך אביסעל פֿערשטעהען, אַז ביי זיי איז אויך נימ הוילע יצר־הרע, און אַז אַ יוד קומט און וויל אַרויסגעבען אַבלאַט אויף ציונית, מוז איך איהם גלויבען, אַז ער מיינט דאָס באמת און וויל דעם אמת, כל־זמן איך האָב איהם נימ געחאַפּט ביי דער קעשעניע. איהר פֿאַרשטעהט, מיר לעבען אין אַ דור פֿון צרות ישראל און נימ נור עס קוועטשט דער שיך, — ס'טריקענט דער מח, עס טוהען וועה די הענד און די פֿיס און אַלע אברים. איטליכער מענש מיט אַ האַרץ דאָקטערט און וויל דאָקטער'ן, איי וואָס איינער שרייבט דעם רעצעפּט נימ אַזוי גוט, ער איז אַ ביסעל שטומפּיג אויף דער עברי, דעם חולה איז ער אָבער תמיד מחזק.

---

שטעלען מיר די „יודישע צוקונפֿט" אויף אַזייט און זעהען מיר צו וואָס בן־קלמן זאָגט ביאַליקען, אַפֿילו בשוגג: איטליכער האָט זיך זיין יו"ט, העבט ער אָן, ביי דער רעדאַקציע פֿון „הצופֿה" איז אַ יו"ט ביאַליקס אַ שיר און ביי איהם, ביי בן־קלמן איז אַ יו"ט, אַז ער בעקומט אַ העפֿט פֿון דער יודישער ענציקלאָפּעדיע. חאָט'ש איהר זאָלט מיך דערהאַרגענען העב איך נימ אָהן צו פֿערשטעהן, וואָס עס הייסט! אַלגעמיינע און ענציקלאָפּעדיע איז נאָר אויף טערקיש און איז נימ פֿאַר מיינע ציין. איך נעם אָן, אַז די יודישע

ענציקלאפעדיע איז גוט און פֿיין און וואהל, חאטש פֿון די פאר בלעטליך, וואס זענען אמאל געלעגען אין „פֿריינד" האב איך געזעהען אז דאס איז ניט אזוי פֿיינעלדיג און גאר ניט ווי מען רעד צו יודען. אבער אפֿילו אז איך בין מיך טועה און אפֿילו ווען איך גלויב בן־קלמן'ען, אז דאס וועט נא־זיין די נאולה פאר יודען, פֿרעג איך אייך, קען ער דאס ניט [illegible], גראד און פראסט, אהן שטעכווערטליך אויפֿ'ן לשון קדש און אויף ביאליק'ן? איך ווייס ניט, צי עס איז שוין דא אצינד איבער ביאליק'ס נאמען אין דער ענציקלאפעדיע, אבער איך ווייס, אז ער וואלט געמענט דארט שטעהען, און דאס ווייס איך אויך, אז ביאליק איז קיין חנפֿניק ניט, און אז ער רעדט פֿון יודען, זאגט ער ארויס אזא ביטערעם אמת, אז מ'ווערט דערשראקען, ווי ביי נעילה אין שוהל. — דאס איז ניט אזעלכער, וואס פֿערשטעלט זיך און מאכט דעם כלל ישראל פֿאר א איידימעל, וואס זיצט ביים רבונו של־עולם אויף קעסט און האט גאר ניט מעהר צו טוהן גאר זיך צו שאקלען, צי גאר דאוונען און צו לערנען; פֿארקעהרט—ער רייסט אונז אראב די זיידענע קאפאטע און זאגט אונז אין אלע דורות מוסר, וואס מען האט נאך אזוינס ניט געהערט.

ניין, בן קלמן. מיר בעדארפֿען אצינד ניט צו האבען קיין ענציקלאפעדיע, וואס זאל אונז פֿערטייטשען דאס ווארט פיפערנאטער, צי פובליציסטיק, צו אפֿילו קונסט... מיר בעדארפֿען צו האבען נביאים, וואס זאלען קלאגען אויף אונזערע יאהרען, און אז זיי קומען, פֿאלט כורעים און וויינט מיט זיי אין איינעם.

א לעזער פֿון אייער בלאט.

---

II.

איך האב נאך ניט צייט נעהאט צונויף צו לעגען דאס בריוועל און אייך אוועקשיקען, אז איך האב אקוק געטוהן אויף דער לעצטער זייט פֿון "דאס יודישע ווארט" און האב דארט נעפֿונען ווי בן־מיכל (א פנים א ברודער פֿון בן־קלמנן) קריגט זיך מיט די „העברעאישע פובליציסטען", מיינט ער דאס פאליטיסטען? דאס ווארט פאליטיק פֿערשטעה איך.

איך געפֿין דארט ביי בן־מיכלין צוויי פיצליך געדאנקען. ראשית זאגט ציימלין, וואס אויף איהם בייזערט זיך שטארק בן־מיכל, אז די גאולה פֿון כלל ישראל וועט נאך ניט זיין, אז אפֿילו יודען וועלען מעגען וואוינען אין גאנץ רוסלאנד און קויפֿען ערד; און זאגט, והא ראיה גאליציע; זאגט בן־מיכל, פונקט קאפויר, פֿון דאנען וואס דו ברענגסט דיר א ראיה איז געדרונגען פֿארקעהרט. שנית זאגט ציימלין, אז אפֿילו ביי פראסטע מענשען וואס זיי זענען ניט קיין בעלי־בתים און יודעי־ספר איז דא אחילוק פֿון איין אומה צו דער אנדערער, און בן־מיכל זאגט: ניין, פֿאר אזעלכע זענען אלע מענשען גלייך...

איך סמיע מיך ניט אריינלאזען אין דער מחלוקת און זאגען ווער פֿון זיי ביידע איז גערעכט. מיר דאכט זיך אז צרות ישראל אים עיקר איז ניט אליין, אויב מ'מעג וואוינען צו מ'טאר ניט וואוינען. און אז מ'טוט א קלער, אז א גאנצער כלל פֿון יודען, וואס זענען שוין אזוי לאנג דא שוין פֿון אברהמ'ס צייטען און האבען, מיר דאכט זיך, די תורה, מוזען נאך אצינד שטעהן ביי דער טיהר ביי יענעם און בעטען רחמים, מ'זאל זי אריינלאזען אין א פֿרעמדע שטוב, און זיי האבען קיין איינענע ניט, שווארצט געגוג דאס פנים... און וואס איז נוגע צום צווייטען פונקט, דאכט זיך מיר אויך אז מע פֿאהרט אין דער פֿיערטער קלאס צווישען לויטער גוים, און מ'איז אנגעטוהן א פעלציל ווי זיי און מע'רעדט גויש ווי זיי, און מ'געהט אויפֿ'ן טאג ווי זיי איז מען אוודאי מיט זיי א מחותן. ווילסט דו אבער רעדען יודיש און שטעהען אין א זייט, צו ווען זיי צווינגען זיך אויף זייער לשון, ווילסט דו אן הויבען גאלפֿאדענס א ליעד, — דאס איז גאר א אנדערע זאך.

מילא זאל זיין אז בן־מיכל האט רעכט. וואז'שע זידעלט ער אזוי ציימלינען, וואס לפֿלינ רעד ער דאך גאר ניט אזוי פֿון וועג? —

---

זעהט איהר, וואס איהר קריענט אייך אין אנהויב מיט לודוויפאלען, וואלט מיר געפֿעלען, ניט וויל איך בין אויף אייער צד: אין דעם איז א סך צו רעדען... לודוויפאל, חאט'ש ער איז נאלי לשון קדש, דאכט זיך מיר, האלט נאך ניט נאט ביי די פֿיס, און אומגעקעהרט איז א שטיקעל סברה, אז איהר אליין וואס איהר זענט אשמונה'כפול'דיגער אין יודישען, זאגט אמאל ארויס א שיר אויף לשון קודש און איהר וואלט עס אוודאי ניט געטוהן, אז איהר וואלט געוואוסט, אז דאס איז אמסוכ'נע זאך און ס'שאט יודען... זייט מיר מוחל, פאננע רייזען, איהר זייט צו אנ'אקשן און לידוויפאל איז נאך א גרעסערער עקשן. זאגט איהר, איהר האט ליעב די מאמע אליין, זאגט ער, ער האט דוקא ליעב נאר דעם טאטען, און מיר דאכט זיך, אז טאטע מאמע האבען אמאל חתונה געהאט...

ביי אונז יודען זענען פֿון תמיד אן דא צוויי לשונות און ביידע זענען יודיש און זענען שייך צו אונזער נשמה. פֿאר וואס ס'איז אזוי געקימען, ווייס איך ניט, אזוי ווי איך ווייס ניט, פֿאר וואס דער מענש האט צוויי אויגען...

דער אייגענער.

---

אנמערקונג. פֿיהלענדיג א טיעפֿע אכטונג צו דעם, וואס האט די צוויי בריעף געשריבען מוזען מיר זיי דריקען. עס הייסט אבער ניט, אז די טענות האבען אונז איבערצייגט אין אונזער טעות און מיר זענען בעלי תשובות געווארען. א מעהר אויספֿיהרליכען ענטפֿער אויף די צוויי בריעף, וועלען מיר געבען אין דער קינפֿטיגער נומער.

די רעד.



# טעאטער.

---

שבת דעם 20 טען יאנואר האט מען ענדליך אויף דער קראקויער פוילישע ביהנע אויפֿגעפֿיהרט די צוויי אקטיגע דראממע „צוריק נעקומען" און די איינאקטיגע פֿאנטאזיע „די זינד" פֿון שלום אש.

דאס טעאטער איז געוועז פֿול — מיט יודען, און עס האט זיך שטארק געוואלט פֿרעגען: די דראמא איז א יודישע, דער אויטאר איז א יוד און דאס פיבליקום איז ווידער א יודישע, הייגט צו וואס איז געוועז די גאנצע מיה' צו איבעזעצען עס און מיינען, אז מען טהוט דער מיט א טובה דעם יודישען פֿאלק? א מעהר וואלט עס לייכטער און נאטירליכער געוועז פֿריהער עס אויפצופיהרען אויף דער יודישע ביהנע, וואס עקסעסטירט אין קראקוי?

עס איז אבער ניט געוועז ביי ווען צו פֿרעגען, אללענפֿאלס וואלט מען אויף אזא לייכטער פראגע ביי דעם יודיש־פוילישען פובליקום ניט אזוי לייכט א תירוץ געפֿינען.

ריידען יעצט אויספיהרליך וועגען דער דראממע „צוריק געקומען", רעכענען מיר פיר איבריג. חאטש די פוילישע בלעטער האבען אנפאנגס געוואלט פערלייקענען, אז זי איז אין יודישען געשריעבען, האבען מיר דאך געהאט די זכיה צו לעזען זי פריהער אין פרץ'עס יודישע ביבליאטעק און אביסעל לאנגוויילען זיך ביין לעזען.

עס פערשטעהט זיך, אז אין דער פוילישר שפראך איז זי ניט בעסער, נאר פיעל ערגער געווארען.

דאס פובליקום אבער אוים דאניבארקייט צו דעם פוילישען טעאטער, וואס האט זיך ניט געשעמט שטעלען פיר יודען א שטיק פֿון כלומרשט יודישען לעבען, האט בעגייסטערט געפאטשט בראווא. מאנכע האבען דעם אויטאר: אש! און מאנכע — שוין מיט א טענדענציע — האבען פראסט „שלום" גערופען. זאלען די פאר קריסטען, די רעצענזענטען, וויסען אז אש איז איין אונזערער, און זאלען זיי זיך ניט וואגען איהם ביי אונז אבצונעמען.

די פוילישע בלעטער זענען אין די מיינונגען איבער דער שטיק מחולק. די "רעפֿארמע" לויבט עס, דער „נאפשוד" — שענדעט עס. שענדעט אבער טענדענציעז. איבערהויפט פערדריסט איהם קענטיג, וואס די דראמע איז ניט, ווי ער האט געמיינט אין פוילישען, נאר אין זשארגאן געשריעבען געווארען.

אזא חרפה!...

R.

## קאטאלאג פון ביכער, וועלכע זענען ערשינען אין פערלאג פון י. לידסקי, ווארשא, נאלעווקי 32.

פרצ׳ס בלעטליך. א זאמלונג פון פאפולערע וויסענשאפט־ליכע ארטיקלען, ערצעלונגען, געדיכטע, פעליטאָנען, וויצען א. ז. וו. פון די בעסטע שרייבער. 2 בענדער. פרייז 1 רובל.

דאס צוואנציגסטע יאהר־הונדערט. א זאמעל־בוך פיר ליטעראטור, וויסענשאפט און קריטיק. רעדאגירט דורך אברהם רייזען. פרייז 50 קאפ׳.

די געהיימניסע פון דער וועלט אדער א סוף פון דער וועלט. פאפולערע אסטראנאמיע מיט 32 פיגורען אינ׳ם טעקסט. פון מיכל וועבער. פרייז 50 קאפ׳.

רב שלמה. ערצעהלונג פון דוד פינסקי פרייז 15 קאפ׳.

די אומבעקאנטע פערליעבטע. א ראמאן פון י. לעווינסקי (יהל) פרייז 40 קאפ׳.

די ערשטע ליעבע. א ראמאן פון יודישען לעבען פון י. לעווינסקי. פרייז 40 קאפ׳.

צו אונזערע שוועסטער אין ציון. עטליכע ווערטער פאר יודישע טעכטער. פון שלום־עליכם. פרייז 8 קאפ׳.

אויף וואס דארפען יודען א לאנד? ערנסטע ווער־טער פאר׳ן פאלק. פון שלום־עליכם. פרייז 8 קאפ׳.

נס חנוכה. א וויכטיג בלעטעל פון דער יודישער היסטאריע פון ד״ר יצחק שמוקלער. פרייז 8 קאפ׳.

אבן נגף אדער א שטיין אין וועג. א ראמאן אין 4 טהייל. פון יעקב דינעזאהן פרייז 1 רובל.

הערשעלע. א ראמאן פון יעקב דיענעזאהן. פרייז 50 קאפ׳.

יאסעלע. ערצעהלונג פון יודישען לעבען פון יעקב דינע־אהן. דאס יודעלע. ליעדער. פון א. גאלדפאדען. פרייז 30 קאפ׳.

זשידאווקא. א טראגעדיע אין 5 אקטען פון י. י. לערנער. פרייז 25 קאפ׳.

אוריאל אקאסטא. א טראגעדיע אין 5 אקטען. פון י. י לערנער. פרייז 25 קאפ׳.

שולמית, א מעלאדראמא אין 4 אקטען פון א. גאלדפאדען. פרייז 25 קאפ׳.

כישופמאכערן, א אפערעטא אין 5 אקטען פון א. גאלדפאדען. פרייז 25 קאפ׳.

באבע מיט דעם אייניקיל. מעלאדראמא אין 3 אקטען. פון א. גאלדפאדען פרייז 20 קאפ׳.

דאקטאר אלמאסאדא. אפערעטא אין 5 אקטען פון א. גאלדפאדען פרייז 20 קאפ׳.

קני לעמיל. אפערעטא אין 4 אקטין פון א. גאלדפאדען. פרייז 20 קאפ׳.

קאבצנזאהן און הונגערמאן, אפערעטא אין 4 אקטען. פון א. גאלדפאדען פרייז 20 קאפ׳.

אדרעסע:

J. Lidski Warschau Nlewka 32.



# קאטאלאג

## פון פאסט קארטען פערלאג „יודישע קונסט"

פרייז פיר 100 שטיק 50—1 איינצעלנע קארטען א 3 קאפ׳.

### ביבלישע מענער

101 אברהם אבינו
102 לוט ובנותיו
103 יצחק מברך את יעקב
104 יעקב אצל לבן
105 יהודה ותמר
106 משה על הר סיני
107 אהרן הכהן
108 משה אהרן וחור
109 שמשון הגבור
119 שמשון ודלילה
111 עלי הכהן מברך את הנער שמואל
112 שאול המלך הטיל החנית על דוד
113 שמואל הנביא
114 דוד המלך על השמינית
115 שלמה המלך
116 ישעיה הנביא
117 ירמיה הנביא, כותב מגילת איכה
11 ויכתב ברוך את אשר דבר ד׳ אל ירמיה הנביא
119 נביאות יחזקאל
120 יונה הנביא תחת קיקיון
121 זב
121 דניאל בגוב אריות
123 מתתיהו כהן גדול
124 מתתיהו דוקר את עובד הבעל
125 אליהו הנביא.

### ביבלישע פרויען

201 שרה
202 הגר
203 רבקה
204 רחל
205 יוכבד ומשה
206 מרים
207 דבורה
208 בת יפתח
209 יהודית מתפללת
210 יהודית לפני הוליפרנוס
211 יהודית עם ראש הוליפרנוס
212 בת שבע
213 רות
214 שולמית
215 אסתר.

### עיר הקודש ופליסטינה

301 רחוב יפו
302 ירושלים
303 קבר רחל אמנו
304 בותל מערבי
305 מקום המקדש
306 הברון ומערת המכפלה
307 הר ציון וקברי מלכי בית דוד
308 הר הכרמל
309 קאלאניע עקרון
310 „ שילה
311 „ גן שמואל
312 ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים.

### ציונים

401 ד״ר הערצל
402 נארדא און מאנדעלשטאם בעגריסען הערצלען
403 הערצל, נארדוי, מאנדעלשטאם לאזאר, גאסטער
404 הלוית הארון של ד״ר ט. הערצל

### ליטעראַרישער אלבאם

501 שירת בת ציון
502 והיה באחרית הימים
503 זשידאָווקא (סדר)
504 מוקדי עולם
505 אורי׳אל אקאסטא לעזט די תשובה
506 אוריאל אקאסטא לערענט מיט ברוך שפינאזי
507 התועה בדרכי החיים
508 אהבת ציון
509 סאלדאטען פיינגער.

### תפלות, ימים טובים ומנהגים

601 הנחת תפילין (בר מצוה)
602 הדלקת נר שבת
603 קידוש ליל שבת
604 הרב מברך את התלמיד
605 שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחר
606 תפלת שבת בבית הכנסת
607 יהודים ספרדים
608 חג חשמנאים (חנוכה)
609 סדר של פסח
610 פסח. ליליען
611 תקיעת שופר
612 תקיעת שופר פאָרמאט קטן
613 ותשובה, ותפלה, וצדקה, מעבירי את רוע הגזירה
614 כפרות שלאָגען בגאליציע
615 „ „ בליטא
616 „ „ פיר קינדער
617 ברכות הורים בערב יום הכפורים
618 „ „ „ פארמאט קט.
619 מאן און פרוי ווינשען זיך ערב יום כפור ביים שול איינגאנג
620 קאמעראדען ווינשען זיך גליק ערב יום כפור
621 ישימך אלהים כאפרים וכמנשה
622 יום תרועה יה׳ה לכם
623 בראש השנה יכתבון
624 תקעו בחדש שופר
625 ואנחנו כורעים ומשתחוים ומודים
626 יברכך ה׳ וישמרך
627 ואני תפלתי לך ה׳ עת רצון
628 ברכת אתרוג

### סופרים עברים ומשוררים

700 אבראמאָוויטש (מענדעלע מוכר ספרים)
771 פרץ סמאָלענסקי
702 ג. סאָקאָלאָוו
703 י. ל. פרץ
704 ש. פרוג
705 שלום עליכם
706 יעקב דינענזאָהן
707 מ. ספעקטאָר
708 אברהם רייזען
709 מאררים ראָזענפעלד
710 דוד פינסקי
711 שלום אש.

אדרעססע: J. Lidski Warschau, Nalewki 32.



# די אלגעמיינע
# יודישע ענציקלאפעדיע

„די אלגעמיינע יודישע ענציקלאפעדיע“ איז די ערשטע ענציקלאפעדיע, וועלכע ווערט ארויסגעגעבען אין דער יודישער שפראך. און דאס איז נאך אינזער מיינונג, איינע פון די וויכטיגסטע בעדייטונגען פון אונזער ענציקלאפעדיע. נייע געדאנקען, נייע ווערטער, נייע ערשיינונגען ווערען צום ערשטען מאל ערקלערט, ווי ווייט מעגליך ענציקלאפעדיש, אויף אונזער מיטער-שפראך. איצט וועט יעדער פון אונזער גרויסער פאלקס-מאסע קענען בעקומען א ריכטיגען בעגריף וועגען אלע וויכטיגסטע זאכען אין דער נאטור און אין דער מענשליכער געזעלשאפט. נאך א גרעסערע בעדייטונג האט „די אלגעמיינע יודישע ענציקלאפעדיע דער מיט וואס אין איהר ווערט צום ערשטען מאל אין דער יודישער ליטעראטור צונויפגעקליבען, ווי ווייט מעגליך, אלע ידיעות, אלע ערשיינונגען פון דער געשיכטע פון די יודען אין אויסלאנד און בעזונדערס אין רוסלאנד. אזעלכע ידיעות בנוגע צו רוסלאנד מוזען צונויפגעקליבען ווערען פון פערשיעדענע ערטער, ווייל קיין אלגעמיינע געשיכטע פון די יודען אין רוסלאנד האבען מיר נאך עד היום ניט אויף קיין שפראך.

פיעל כחות, פיעל מיטלען, פיעל צייט מוז מען אוועקלעגען אויף דער יודישער ענציקלאפעדיע און מיר האפען, אז קיינער וועט אונז ניט חושד זיין, אז מיר זענען אויסען צו מאכען מיט דער ענציקלאפעדיע „גליקליכע געשעפטען“. נאר מיר זענען איבערצייגט, אז די גרויסע יודישע פאלקס-מאסע אין רוסלאנד ווארט מיט אונגעדולד אויף וועלכע ס'איז מיטלען, וועלכע זאלען איהר בעהילפיג זיין אין איהר גייסטיגער ענטוויקלונג. און מיר וואלטען זיך געשעצט גליקליך, ווען אונזער ענציקלאפעדיע וואלט געבראכט חאטש וויפיעל עס איז נוטצען דער אלגעמיינער בילדונג פון די רוסישע יודען.

## אין דער ענציקלאפעדיע ווערען געגבען בילדער, פאטרעטען און אויך געאגראפישע קארטען.

אין דער ענציקלאפעדיע נעהמען אנטהייל:

ש. בעלינקי, ד"ר י. בראנשטיין, ר. בריינין, אינזש. ב. גאליארקין ש. גינזבורג, א גרינער-לוריא, אינזש. י. דימשיץ, ד"ר ה. ד. הורוויץ מ. הורוויץ, ל. וויגאדסקי, ש. ווינער, ב. וועליקאווסקי, ה. זאקס, י. טעפליצקי. ד"ר י. טשערני, ד"ר פ. לאנדער, ד"ר י. לוריא, ל. לוריא, ד"ר י. ליאקומאוויטש, מ. לעווין, ה. מ. מייעראוויטש, פ. מארעק, י. מארקאן, ד"ר ש. סקאמאראווסקי, ד"ר ה. עהרענבורג, ד"ר י. צייטלין, ד"ר י. צינבערג, י. קאצענעלסאן, אינזש. צ. קאראבאטשקין, ז. ה. ראבינאוויטש. א. ראגינסקי, א. שולמאן, ד"ר בן-ציון שיינין און פיעל אנדערע.

די ענציקלאפעדיע געהט ארויס העפטען-וויז צו 3 געדרוקטע בויגען.

אזעלכע העפטען וועט זיין אין גאנצען אונגעפעהר 30.

די פרייז פון יעדעם העפט 25 ק'. מיט פארטא 30 קאפ

די וואס אבאנירען זיך אויף אלע העפטען און טראגען אריין פאראויס 1 רובל בעקומען די 3 העפטען און צאהלען פאר די איבריגע צו 25 ק'. מיט פארטא. און די לעצטע 2 העפטען בעקומען זיי אומזיסט.

